פּיראָזשניקאָװס אויסגאַבע.

# דער באַשערטער טויט

ערצעהלונג

פֿון

מ. לערמאָנטאָװ.

איבערזעצט פֿון רוססיש





ווילנא
דרוק פֿון י. פּיראָזשניקאָװ.
תרס"א

Русскіе и иностранные знаменитые писатели въ образцахъ.

М. ЛЕРМОНТОВЪ

# ФАТАЛИСТЪ

переводъ съ русскаго

Изданіе И. І. Пирожникова.



ВИЛЬНА.
Типографія И. І. Пирожникова,
Завальная ул. д. № 1147.
1900.

# דער באַשערטער טויט.

(פּאַטאַליסט*).

מיר איז אַמאָל אויסגעקומען צו וואָהנען צוויי וואָכען אין אַ קאָזאַקען סטאַניצע אויפ'ם לינקען פלאַנק. דאָרט איז געשטאַנען אַ באַטאַליאָן אינפאַנטעריע. די אָפיציער'ען פלעגען זיך צוזאַמענקלייבען איינע ביי די אַנדערע, אַמאָל ביי דעם, אַמאָל ביי יענעם, און ביי נאַכט שפּיעלען אין קאָרטען.

איין מאָל איז אונז לאַנגווייליג געוואָרען דאָס באָסטאָנשפּיעל. מיר האָבען אַרונטער־געשליידערט די קאָרטען אונטער'ן טיש, און זעהר לאַנג געזעסען ביי דעם אַלטען מאַיאָר... און גערעדט צווישען זיך. דאָס געשפּראָך איז, גאָר ניט ווי געוואָהנליך, געוועזען אינ־טערעסאַנט. מאָן האָט געשפּראָכען וועגען דעם, דאָס דער גלויבען פון די מאָהאַמע־דאַנער, דאָס דער שיקזאַל פון מענשען ווערד

*) דער וואָס גלויבט, דאָס אַלעס וואָס פּאַסירט זיך מיט'ן מענשען אים לעבען, ווערד פאָראויס בעשטימט אָדער אָנגעשריעבען אין הימעל ביז זיין געבורט.

פּאַראויס אָנגעשריעבען אויפ'ס הימעל, איז אָנגענומען ביי פיעל פון אונז אויך. יעדער האָט ערצאֶהלט אונגעוואֶהנליכע צופאֶלע, פיר אָדער געגען דיעזע מיינונג.

— דאָס איז אַלץ, מיינע העררען, גאָר גאָר קיין בעוויז, — האָט געזאָגט דער אַלטער מאַיאָר: — קיינער פון אייך האָט דאָך ניט בייגעוואָהנט די וואונדערליכע צופאֶלע מיט וועלכע איהר בעוויזט די ריכטיגקייט פון אייערע מיינונגען?

— נו געווים, — האָבען איניגע געאַנט־וואָרטעט: — אָבער מיר האָבען געהאָרט פון זיכערע מענשען.

— דאָס איז אַלץ נאַרישקייט! — האָט איינער געזאָגט: — וואו זיינען דאָס די זיכערע מענשען, וואָס האָבען געזעהען דעם רעעס־טער, אויף וועלכעם עס איז אָנגעשריעבען די שטונדע פון אונזער טויד?.. און אויב עס איז ווירקליך אַלצדינג בעשטימט פון פריהער, וואָצו האָט מאָן אונז געגעבען אַ ווילען, אַ פערשטאַנד? און פיר וואָס דאַר־פען מיר אַנטוואָרטען פיר אונזערע טהאַטען?

אין דיעזער צייט האָט זיך אויפגעהויבען איין אָפיציער, וואָס איז געזעסען אין ווינ־קעל צימער, און מיט לאַנגזאַמע טריט צו־געגאַנגען צום טיש. ער האָט מיט אָרוהיגען און פייערליכען בליק בעטראַכט די גאַנצע געזעלשאַפט. דיעזער אָפיציער איז געוועזען

פון געבורט אַ סערבע, ווי עס האָט איך גע-
וויזען זיין נאָמען.

די געשטאַלט פונים ליטענאַנט וואו-
ליטש — אַזוי האָט געהייסען יענער אָפיציער —
האָט זעהר געפּאַסט צו זיין כאַראַקטער. אַ
הויכער וואוכס, ברוינליכע פאַרב פונים גע-
זיכט, שוואַרצע האָאר, שוואַרצע דורכדרינ-
גענדע אויגען, אַגרויסער, אָבער רעגעלמאָ-
סיגער נאָז, אַזוי ווי ביי אַלעמען פון זיינער
נאַציאָן, אַ טרויעריגער און אַ קאַלטער שמיי-
כעל, וואָס האָט שטאָנדיג געשפּיעלט ביי
איהם אויף די ליפּען, — דאָס אַלעס צוזאַמען
האָט איהם צוגעגעבען איין אויסזעהען פון
אַ בעזאָנדערע בעשאָפנים, פון אַ בעשאָפנים
וואָס איז ניט פאָהיג זיך צו טהיילען מיט
געדאַנקען און געפיהלע מיט די קאָמעראַדען,
וואָס דער שיקזאַל האָט איהם געגעבען.

ער איז געוועזען דרייסט, האָט גערעדט
ווייניג, אָבער שאַרף. קיינעם האָט ער ניט
פערטרויעט זיינע הערצליכע און הויזליכע
געהיימניסע. קיין וויין האָט ער כמעט גאָר
ניט געטרונקען. נאָך יונגע קאַזאַטשקעס, —
וואָס ווער עס האָט זיי ניט געזעהען, קאָן
קיין בעגריעף ניט האָבען פון זייערע ריי-
צענדע שאָנהייט, — איז ער קיין מאָל ניט נאָכ-
געלאָפען. מאָן האָט אַפילו גערעדט, דאָס
דעם פּאָלקאָווניקס פרוי איז ניט גלייכגילטיג
צו זיינע אויסדרוקס-פאָלע אויגען; אָבער

ער פֿלעגט ווערען אָהן אַ גלעזעלע באַז, ווען מאַן האָט איהם ווענען דעם אַ וואָרט אויסגערעדט.

עס איז נאָר געוועזען איין איינציגע ליידענ־שאַפֿט, וועלכע ער האָט ניט פֿערבאָרגען אין הערצען — די ליידענשאַפֿט צום קאָרטענשפּיעל. ביים גרינען טיש האָט ער פֿערגעסען אַלץ אין דער וועלט. ער פֿלעגט אימער פֿער־ליערען, אָבער די שטאַנדיגע אונגליקע האָ־בען נאָר געריייצט זיינע ליידענשאַפֿט; וואָס מעהר ער פֿלעגט פֿערשפּיעלען, האָט ער אַלץ מעהר געוואָלט שפּיעלען. מאַן האָט ערצאָהלט, דאָס אַמאָל אין דער צייט פֿון שטרייט האָט ער אויפֿ׳ם קיסען געהאַלטען די באַנק. דיעס מאָל איז איהם זעהר גע־גאַנגען. מיט אַמאָל האָט מאַן ערהאָרט אַ שיסעריי, עס איז געוואָרען אַלאַרעם, אַלע זיינען אויפֿגעשפּרונגען און זיך געראַפּט צו די געוועהר. „אַרויס מיט אַקאָרט״! האָט וואוליטש געשריען, ניט ריהרענדיג זיך פֿון אָרט, צו איינעם פֿון די פֿערקאָכטע שפּיעלער. — „עס געהט אַ זיעבעטיל״, האָט יענער געאַנטוואָרטעט, אַוועגלויפֿענדיג. וואוליטש האָט ניט געקוקט אויף דעם אַלגעמיינען לאַרעם און גענג־דיגט וואַרפֿען די טאַליע קאָרטען. דער קאָרט איז אַרויס.

בשעת ער איז געקומען אין ליניע, איז שוין געוועזען פֿוןביידע זייטען אַ גוטע

שיעסעריי. אָבער וואוליטש האָט זיך ניט גע־קימערט, ניט וועגען די קויהלען ניט וועגען די טשעטשענישע שווערדען: ער האָט אויפּ־געזוכט זיין גליקליכען פּאָנטירער.

— אַ זיעבעטעל איז אַרויס! — האָט ער אויסגעשריען, ווי ער האָט איהם ענדליך ערזעהען אין ליניע פון די שיעסער, וועלכע האָבען אָנגעפאַנגען אַרויס צודרענגען דעם פיינד פונ'ם וואַלד. צוגעהענדיג צו איהם, האָט ער אַרויסגענומען זיין פּאָרטמאָנע און אָבגעגעבען דעם גליקליכען שפּיעלער, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס יענער האָט דאָס גאָר ניט פערלאַנגט. נאָכדעם ווי ער האָט ערפּיללט דיעזען אונאַנגענעהמען שולד, האָט ער זיך האַסטיג אַוואָרף געטהאָן פאָראויס, האָט הינגעצויגען נאָך זיך די סאָלדאַטען און ביז ענדע האָט קאַלבליטיג זיך געשאָסען מיט די טשעטשענצעס.

ווי וואוליטש איז צוגעגאַנגען צום טיש, זיינען אַלע שטיל געבליעבען, וואַרטענדיג פון איהם עטוואָס אונגעוואָהנליכעס.

— מיינע הערען! — האָט ער געזאָגט מיט אַ רוהיגע שטימע, אָבוואָהל ניט אַזוי הויך, ווי ער איז געוואָהנט געוועזען צו ריידען: — מיינע הערען, צו וואָס איז די פּוסטע רייד? איהר פערלאַנגט בעווייזע? רעכט! לאָמיר אויספּרובען אויף זיך, צו דער מענש קאָן זיך בעגעהן מיט זיין לעבען, ווי

ער וויל, אָדער עס איז דאָ פֿון פֿריהער אַ בעשערטע מינוט פֿיר יעדען פֿון אונז און אָהן צייט איז קיין צייט? — ווער וויל?

— איך ניט! איך ניט! — האָט זיך געלאָזט הערען פֿון אַלע זייטען: — וואָס איהם קאָן איינפֿאַלען!..

— איך לייג פֿאָר געהן אין געוועט, — האָב איך געזאָגט אין געלאָכטער.

— וואָס פֿיר אַ געוועט?

— איך זאָג, עס איז ניט דאָ קיין פֿאָרבעשטימונג, — האָב איך געאַנטוואָרטעט, ארויסשיטענדיג אויפֿ'ן טיש צוואַנציג דוקאַטען — גאָר דאָס געלד וואָס איך האָב געהאַט ביי זיך.

— גוט, איך געה אין געוועט! — האָט געזאָגט וואוליטש מיט אַ פֿערשטיקטע שטימע: — מאַיאָר, איהר וועט זיין צווישען אונז דער ריכטער, היער איז פֿונפֿצעהן דוקאַטען, פֿינף זייד איהר מיר שולדיג, טהועט מיר די פֿריינדשאַפֿט און לעגט צו צו די פֿונפֿצעהן.

— גוט, — האָט געזאָגט דער מאַיאָר: — איך פֿערשטעהע אָבער ניט אין וואָס בעשטעהט דאָס געוועט און ווי וועט איהר ענטשיידען, ווער עס האָט רעכט און ווער ניט?

וואוליטש האָט אַ וואָרט ניט גערעדט און אַריינגעגאַנגען אין מאַיאָר'ס שלאָפֿצימער.

מיר זיינען איהם נאָכגעגאַנגען. ער איז צו־
געגאַנגען צו דער וואַנד, אַויף וועלכער עס
איז געהאַנגען פערשיעדענע געוועהר און
האָט אַראָבגענומען טרעפענדיג איינע פון די
פיסטאָלען. מיר האָבען נאָך איהם ניט פער־
שטאַנען, אָבער ווי ער האָט אָבגעדרעהט
דעם האָנדעל פון דער פיסטאָלע און אָנ־
געשאָטען פולווער, האָבען פיעלע פון אונז,
ניט ווילענדיג, געטהאָן אַ געשריי און איהם
געחאַפּט פיר די האַנד.

וואָס ווילסט דו טהאָן? האֶר, דאָס איז
דאָך אַ משוגעת, אַ וואַהנזיניגקייט! — האָבע
זיי צו איהם געשריען.

— מיינע הערּרען! — האָט ער רוהיג גע־
זאָגט, אַרויסרייסענדיג זיינע האַנד: — ווער
וויל בעצאָהלען פיר מיך צוואַנציג דוקאַטען?
אַלע האָבען געשוויגען.

וואוליטש איז אַרויס אין צווייטען צימער־
און האָט זיך געזעטצט ביים טיש. אַלע
זיינען נאָך איהם נאָכגעגאַנגען. ער האָט
אונז געגעבען אַ ווינק מיר זאָלען זיך זעטצען
אַרום טיש. גאָר ניט רעדענדיג האָבען מיר
געטהאָן ווי ער האָט געהייסען: אין דיעזער
מינוט האָט ער בעקומען איבער אונז אַגע־
היימניספאָלע מאַכט. איך האָב איהם אַריינ־
געקוקט טיעף אין די אויגען, אָבער ער האָט
מיין פאָרשענדען בליק בעגעגענט מיט רוהיגע
אונבעוועגליכע אויגען, און זיינע בלייכע

ליפען האָבען געשמייכעלט. אָבער אָבוואָהל ער איז געוועזען קאַלטבלוטיג, האָט זיך מיר דאָך געדאַכט, דאָס איך זעהע אויף זיין בלייכען געזיכט דען זיעגעל פון טויד. איך האָב בעמערקט, אַז אַלע אַלטע אָפיציערען האָבען אין דעם אַיינגעשטימט, דאָס אויף דעם געזיכט פון׳ם מענשען, וואָס דאַרף אין עט־ליכע שטונדען אַרום שטאַרבען, ליעגט אָפּט אַיין אונבעגרייפליכער שטעמפּעל פון דעם שיקזאַל, וואָס עס איז שוין ניט אוים צו־מיידען, זאָ, דאָס פיר ערפאַהרענע געניטע אויגען איז שווער אין דעם אַיין אירטהום צו האָבען.

— איהר וועט היינט שטאַרבען! — האָב איך איהם געזאָגט.

ער האָט זיך האַסטיג אומגעקעהרט צו מיר, אָבער ער האָט מיר געאַנטוואָרטעט:

— פיעללייכט יע, פיעללייכט ניין.. נאַכ־הער האָט ער זיך געווענדט צום מאַיאָר מיט דער פראַגע, אויב די פיסטאָלע איז אָנגע־לאָדען? — דער מאַיאָר האָט אַליין אויך אויף ריכטיג ניט געוואוסט.

— זאָל שוין אָבער זיין גענוג, וואוליטש! — האָט אײנער אויסגעשריען: — געווים איז זי אָנגעלאָדען ווען זי איז געהאַנגען צו קאָפּען. וואָס איז דאָס פיר אַ לוסט צו מאַכען שפּאַס!..

— אַ נאַרישער שפּאַס! — האָט זיך נאָך איינער אָנגעהאַפּט.

— איך שטעל פֿונפֿציג רובל געגען פֿינף, דאָס די פּיסטאָלע איז ניט געלאָדען! — האָט אַ דריטער אַ געשריי געטהאָן.

מאָן איז ווידער געגאַנגען אין געוועט.

מיר איז דיעז. לאַנגע צערעמאָניע לאַנגווייליג געוואָרען.

— האָרט נאָר, — האָב איך געזאָגט: — אָדער ערשיעסט איך, אָדער האַנגט אויף צוריק די פּיסטאָלע אויף איהר אָרט, און מיר װעלען געהן שלאָפֿען.

— עס פֿערשטעהט זיך, — האָבען פֿיעלע אויסגעשריען: — לאָמיר געהן שלאָפֿען.

— מיינע העררען, איך בעט אייך, בלייבט אויף די אָרטער! — האָט וואוליטש געזאָגט צושטעלענדיג די לאָך פֿון פּיסטאָלע צום שטערען.

אַלע זיינען געבליעבען ווי פֿערשטיינערט.

— העררר פּעטשאָרין, — האָט ער ווייטער געזאָגט: — נעהמט אַ קאָרט און גיעט אַ וואָרף אין דער הויך.

איך האָב גענומען פֿון טיש, ווי היינט געדענק איך, אַ טויז רויטהע און אַ וואָרף געטהאָן אין דער הויך. ביי אַלעמען האָט זיך אָבגעשטעלט דער אָטהעם; אַלע אויגען, פֿול מיט פֿורכט און איינע אונבעשטימטע נייגיערדע, זיינען געלאָפֿען פֿון דער פּיסטאָלע צו דער קאַרטע, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם אַראָבגעלאָזען, זיך דרעהענדיג אין דער לופֿט.

אין דער מינוט ווי דער טויז האָט בעריהרט דעם טיש, האָט וואוליטש אָבגעלאָזען דעם האַנדעל ... עס האָט אָבער ניט אויסגעשאָסען!

— גאָטט זיי דאַנק! — האבען פֿיעלע אויס־געשריען: — ניט אָנגעלאָדען ...

— לאָמיר, פֿון דעסט וועגען זעהען, — האָט געזאָגט וואוליטש. — ער האט ווידער אָנגעשטעלט דעם האַנדעל, און זיך געציעלט אין אַ היטעל, וואס איז געהאנגען איבער דעם פֿענסטער. עס האָט דערלאַנגט אַ שאָס ... דאָס צימער איז פֿול געווארען מיט רויך. בשעת עס איז פֿערנאַנדערגעגאַנגען דער רויך, האט מאָן אַראָבגענומען די היטעל: זי איז געווען דורכגעלאָכערט אין רעכטען מיטען, און די קויהל איז אַריין טיעף אין וואַנד ...

אַמינוטען דריי האָט קיינער ניט געקאָנט אַ וואָרט אויסרעדען. וואוליטש האָט זיך גאַנץ רוהיג אריינגעשאטען מיינע דוקאַטען צו זיך אין בייטעל.

מאָן האָט גענומען רעדען, וואָרום די פּיסטאָלע האָט צום ערשטען מאל ניט אויס־געשאָסען. איינינע האָבען געזאָגט, דאָס די פֿאַן איז מסתמא ניט געוועזען ריין. אַנדערע האָבען געמורמעלט אין דער שטיל, דאס פֿריהער איז די פולווער געוועזען נאַסע און נאָכהער האָט וואוליטש צוגעשאָטען פֿרישע טרוקענע. מיין מיינונג איז געוועזען, דאָס

די לעטצטע אורזאַכע קאָן ניט זיין, ווייל איך בין געשטאַנען די גאַנצע צייט נעבען וואוליטש אונ האָב פֿון איהם איין אויג ניט אראָבגעלאָזען.

— איהר האָט גליק אין שפּיעל! — האב איך געזאָגט צו וואוליטש...

— דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען, — האָט ער געאַנטוואָרטעט מיט אַ צופֿריעדענען שמייכעל: — דאָס איז בעסער ווי באַנק אונ שטאָס.

— דאַפֿיר אָבער עטוואָס געפֿאָהרליכער.

— נו וואס? יעטצט גלויבט איהר שוין אין פֿאָרבעשטימונג?

— איך גלויב, אָבער יעטצט פֿערשטעהע איך ניט, ווארום האָט זיך מיר געדאַכט, דאָס איהר מוזט היינט ניט אַנדערס שטאַרבען.

דערזעלבער מַאַן, וואָס האָט גאָר ניט לאַנג אַזוי רוהיג צוגעלייגט די פּיסטאָלע צום שטערען, איז יעטצט מיט אַמאָל געוואָרען רויטה אונ אויפֿגערעגט.

— אָבער גענוג שוין! — האָט ער געזאָגט, אויפֿשטעהענדיג: — אונזער געוועט האָבען מיר געענדיגט, אונ יעטצט, דאַכט מיר, זיינען אייערע וואָרטער גאָר איבעריג...

ער האָט גענומען די מיטץ אונ אַוועקגעגאַנגען. מיר איז דאָס ניט געפֿאָלען — אונ ניט אומזיסט.

באלד זיינען אַלע פֿאַנאַנדערגעגאַנגען צו

זיך אין די קוואַרטיערען, רעדענדיג אויף
פֿערשיעדענע אַרטען וועגען וואוליטש׳ס
ווילדע אײַנפֿאַלען, אונ אַלע האָבען, וואַהר=
שיינליך, מיך אָנגערופֿען עגאָאיסט. ווייל
איך בין געגאַנגען אין געוועט מיט אַ מענשען,
וואָס האָט זיך געוואָלט שיעסען, אַזוי ווי
אָהן מיך, וואָלט ער ניט געפֿונען קיין
אַנדערע געלעגענהייט דאָס צו טהאָן.

איך בין געגאַנגען צוריק אַהיים דורך די
שטילע גאָסלאַך פֿון דער סטאַניצע. די לבנה,
אַ גאַנצע, אונ אַ רויטהע, ווי דער פֿלאַם פֿון
אַ שרפֿה, האָט זיך גענומען ווייזען פֿון הינטער
דעם געזיכֿטסקרייז פֿון די הייזער. די שטערען
האָבען רוהיג געשיינט אויף דעם דונקעל=
בלאָען געוואָלב, אונ מיר איז געוואָרען
לאָכֿערליך, ווי איך האָב מיך עראינערט,
דאָס אַמאָל זייען געוועזען גאַנץ קלוגע לייט,
וואָס האָבען געמיינט, דאָס די הימלישע
ליכֿטער נעהמען אַנטהייל, מישען זיך אַריין
אין אונזערע נאַרישע קריעג איבער אַברעקעל
ערד, אָדער איבער אַנדערע פרעטענזיאָנען.
וואָס אָבער זעהען מיר? דיעזע לאָמפּען,
וואָס מאָן האָט נאָך זייער מיינונג אָנגע=
צונדען נאָר צו בעלייכֿטען זייערע קריעג אונ
זייערע טריאומפֿען, ברענען נאָך ביז יעטצט,
אַזוי ליכֿטיג ווי פֿריהער, אונ זייערע ליידענ=
שאַפֿטען אונ האָפֿנונגען זייען לאַנג פֿערלאָשען
צוגלייך מיט זיי, אַזוי ווי אַ פֿייערל, וואָס

דער נאַכלאָסיגער דורכֿגעהער צינדט אָן אין עק וואַלד ! אָבער דאַפֿיר וואָס פֿיר אַקראַפֿט האָט זיי צוגעגעבען דער גלויבען , דאס דער גאַנצער הימעל מיט אַלע זיינע אונצאֵהליגע איינוואָהנער קוקט שטאֶנדיג אויף זיי און אינטערעסירט זיך מיט זיי , אָבוואָהל ער האָט עס זיי קיינמאָל ניט געזאָגט ... אבער מיר , זייערע ניכֿטיגע , בעדויערנס ווערטהע איי= ניקלאַך וואָס שנאָרען ארום איבער דער וועלט אָהן איבערצייגונגען , אָהן פֿערגעניגען און אָהן פֿורכֿט , אויסער יענע פֿורכֿט וואָס דריקט אונז ניט ווילענדיג דאָס הערץ , ביי דעם געדאַנקען פֿונ'ם אונאויסמיידליכֿען טויט — מיר זייען ניט פֿאֵהיג אויף גרויסע אָפּפֿער ניט פֿיר דאָס וואָהל פֿון דער מענש= הייט , און ניט אַפֿילו פֿיר אונזער אייגענעם גליק , ווייל מיר ווייסען , דאָס קיין גליק איז ניט דאָ און איז ניט מאֶגליך אויף דער וועלט . מיר געהען גלייכֿגילטיג אריבער פֿון איין צווייפֿעל צום אַנדערען , אַזוי ווי די פֿאָר= צייטיגע מענשען האָבען זיך פֿון איין אירטהום געוואָרפֿען אין דען אַנדערען , נאָר מיט דעם אונטערשיעד , וואָס מיר האָבען ניט , אַזוי ווי זיי , ניט קיין האָפֿנונג און ניט אַפֿילו יענען אונבעשטימטען , אבער שטאַרקען פֿערגניגען , וואָס די זעעלע געפֿינדט אין יעדער שטרייט מיט מענשען אָדער מיט'ם שיקזאַל ...

און נאָך פֿיעל אנדערע אַזעלכֿע געדאַנקען זייען דורכֿגעלאָפֿען ביי מיר אים קאָפּ. איך האָב זיי לאַנג ניט אויפֿגעהאַלטען אים זינען ווייל איך ליעב זיך ניט אָבצושטעלען אויף געדאַנקען וואָס זייען ניט פֿערבונדען מיט'ן פּראַקטישען לעבען. וואס וועט דערפֿון?.. אין מיין ערשטען יוגענד בין איך געוועזען אַ פֿהאַנטאַזיערער. איך האָב ליעב געהאַט צו בעטראַכֿטען די בילדער, — אַמאָל פֿינסטערע, און טרויעריגע, אַמאָל שטראַהלענדע און פֿראֶהליכֿע, — וואס עס האָט מיר געמאָלט די אונרוהיגע און גיעריגע פֿהאַנטאַזיע, אָבער וואָס איז מיר פֿון דעם געבליעבען?— ניט מעהר ווי איינע אונדייטליכֿע עראינערונג פֿול מיט פֿערדרוס. אין דיעזעם אומזיסטען שטרייט האָב איך אוועקגעלעגט די היטץ פֿון דער זעעלע און די געזעטצטקייט, וועלכֿע זייען נאָטהיג פֿיר דאָס ווירקליכֿען לעבען. איך האָב אַריינגעטראָטען אין דיעזעם ווירקליכֿע לעבען נאָכֿדעם ווי איך האָב עס שוין איבערגעלעבט אין געדאַנקען, און עס איז מיר געוואָרען לאַנגווייליג און ניט גוט, אַזוי ווי עס ווערד ניט גוט, בשעת מאָן לעזט אַ שלעכֿטע איבערזעטצונג פֿון אַ בוך, וואָס עס איז אונז שוין לאַנג בעקאַנט.

---

די געשילדטע פֿון דיעזעם אָבענד האָט אויף מיך געמאַכט זעהר אַ טיעפֿען איינדרוק אונ צערייצט מיינע נערוועןֿ. איך ווייס ניט צו איך גלויב יעטצט אין אַ פֿאַרבעשטימונג אָדער ניין, אָבער אין דיעזעם אָבענד האָב איך אין דעם פֿעסט געגלויבט. דער בעוויז האָט געשטאָכען די אויגען, אונ אָבוואָהל איך האָב געלאַכט פֿון אונזערע אורעלטערען מיט זייערע שטערענזעהעריי, דענאָך האָב איך ניט ווילענדיג געקומען געהן מיט זייער וועג. אָבער איך בין אין דער צייט אראָב־געגאַנגען פֿון דיעזעם געפֿאָהרליכען וועג; האַלטענדיג פֿיר אַ רעגעל, קיין זאַך ניט אָבצולייקענען ענטשיעדען, בעשטימט, אונ קיין זאַך ניט צו גלויבען בלינד, האָב איך געקומען קוקען ביי זיך אונטער די פֿיס.... און דיעזע פֿאָרזיכטיגקייט איז געוועזען גאָר ניט איבעריג: איך בין שיער ניט געפֿאַלען, ארויפֿטרעטענדיג אויף אַ גראָבע און אַ ווייכע זאַך, אָבער ניט קיין לעבעדיגע, ווי עס האָט אויסגעזעהען. איך בייג זיך איין — די לבנה האָט שוין געשיינט אופֿין וועג — און וואָס מיינט איהר האָב איך בעמערקט? — אַ שוויין, איבערגעהאַקט אין צוויי מיט אַ שווערד... קוים וואָס איך האָב צייט געהאַט איהם צו בעקוקען, ווי איך האָב פֿערנומען אַ געררויש פֿון טריט: צוויי קאָזאַקען זיינען געלאָפֿען פֿון גאָסעל. איינער איז צי־

געגאנגען צו מיר און געפֿראָגט, אויב איך האָב ניט געזעהען אַ שיכּורען קאָזאַק, וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך אַ שוויין? — איך האָב ערקלערט, דאָס דעם קאָזאַק האָב איך ניט בעגעגענט און אָנגעוויעזען, אויף דאָס אונגליקליכֿע אָפּפֿער פֿון זיין ווילדע דרייס־טיגקייט.

— דאָס איז אַ ביסעל אַ מאָרדער! — האָט געזאָגט דער צווייטער קאָזאַק: — טרינקט ער זיך אָן מיט טשיהיר, דאַמאָלס האַקט ער אַלץ וואָס ער טרעפֿט נאָר אָן. קום, יערע־מייאָיטש; מאָן דאַרף איהם חאַפּען און בינ־דען, אויב ניט...

זיי זיינען ווייטער געגאַנגען און איך האָב פֿאָרטגעזעטצט מיין וועג מיט מעהר פֿאָר־זיכֿטיגקייט. ענדליך בין איך גליקליך געקומען אין קוואַרטיער.

איך האָב געוואָהנט ביי אַיין אַלטען אוריאַדניק, וועלכֿען איך האָב געליעבט פֿיר זיין גוטען כֿאַראַקטער, נאָך מעהר פֿיר זיין שאָנע טאָכֿטער נאַסטיאַ.

ווי געוואָהנליך, האָט זי מיך ערוואַרטעט נעבען פֿאָרטעלע, איינגעהילעט אין אַ פּעל־צעל. די לבנה האָט בעלויכֿטען איהרע ליעבע ליפּעלאַך וואָס זיינען בלאָ געוואָרען פֿון די נאַכֿטליכֿע קאָלט. ווי זי האָט מיך ערקענט, האָט זי אַ שמייכֿעל געטהאָן, אָבער ניט זי איז מיר דאַמאָלס אין זינען געלעגען.

— „אַ גוטע נאַכֿט, נאַסטיאַ!“ — האָב איך גע־זאָגט, פֿאַרבייגעהענד. זי האָט געוואָלט עטוואָס אַנטוואָרטען, אָבער זי האָט נאָר געזייפֿצעט.

איך האָב פֿערמאַכֿט די טהיר פֿון מיין צימער, אָנגעצונדען אַ ליכֿט און גלייך גע־גאַנגען צו בעט, אָבער דיעס מאָל האָב איך לאַנג לאַנגער, ווי געוואָהנליך, ניט געקאָנט איינשלאָפֿען. ווען איך האָב ענדליך איינ־געשלאָפֿען, האָט שוין גענומען טאָגען, אָבער ווי עס ווייזט אויס, איז אָנגעשריעבען גע־געוואָרען אין הימעל, דאָס איך וועל זיך אין דיעזער נאַכֿט ניט אויסשלאָפֿען. אום פֿיער אוהר אין דער פֿריה האָבען אַפּאָאָר געזונדע האַנד גענומען קלאַפּען ביי מיר אין פֿענסטער. איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט און געפֿראָגט, וואָס איז דאָרט? — „שטעהע אויף, טהוע זיך אָן!“ — האָבען געשריען עטליכֿע שטימען. איך האָב זיך שנעל אָנגעטהאָן און אַרויס־געגאַנגען.

— ווייסט דו וואָס עס האָט געטראָפֿען? — האָבען צו מיר געזאָגט אין איין שטימע דריי אָפֿיציערען, וואָס זיינען געקומען מיך רופֿען און זיינען געוועזען בלייך, ווי דער טויד.

— וואָס?

— וואוליטש איז ערמאָרדעט.

איך בין געבליעבען שטעהען ווי אַ האָלץ.

— יע, ערמאָרדעט! — האָבען זיי ווידער געזאָגט: — לאָמיר שנעלער געהן.

— וואוהין ?

— מיר ווע‌לען דיר זאָגען גע‌הענדיג.

מיר האָבען גענומען געהן. די אָפּיציע־רען האָבען מיר ערצאָהלט אַלץ וואָס האָט פּאַסירט מיט וואוליטש, דער צו נאָך מיט זייערע אָנמערקונגען פון דער וואונדערבאַרען פּאָרבעשטימונג, וואָס האָט גערעטעט וואו־ליטשין פון אַ געוויסען טויד אַהאַלבע שטונדע פאַר דעם, איידער מאָן האָט איהם ערמאָר־דעט. וואוליטש איז געגאַנגען אַליין דורך די פינסטערע גאַס. מיט אַמאָל טרעפט איהם אָן דער שיכּורער קאָזאַק, וואָס האָט איבער־געהאַקט דאָס שוויין. און עס קאָן זיין, דאָס ער וואָלט פּאָרבייגעהן און איהם ניט בע־מערקען, ווען וואוליטש וואָלט זיך פלוטצלינג ניט אָבגעשטעלט און געזאָגט: „וועמען, ברודערל, זוכּסט דו?“ — „דיך“ — האָט איהם געאַנטוואָרטעט דער קאָזאַק און געגעבען אַזעטץ מיט'ן שווערד, כמעט איבערהאַקענ־דיג איהם אויף צוויי טהייל פון'ם אַכסעל ביז דעם הערצען. צוויי קאָזאַקען, וואָס האָבען מיך בעגעגענט און וואָס האָבען גע־היט די טריט פון'ם מאָרדער, זיינען געקומען צו לויפען און אויפגעהויבען דעם פערוואונ־דעטען, אָבער ער האָט שוין קוים געאָט־העמט; ער האָט נאָר געקאָנט זאָגען: „ער האָט רעכט!“ — מעהר ווי איך האָב ניט פער־שטאַנען די בעדייטונג פון דיעזע וואָרטער.

ער האָט געמיינט מיך. איך האָב אונגערן פֿאַראויס געזאָגט דעם אונגליקליכען זיין שיק־זאַל. מיין געפֿיהל האָט מיך ניט גענאַרט: איך האָב ריכטיג געלעזען אויף זיין געזאָנ־דערטען געזיכט דען זיעגעל פֿונ'ם נאָהנטען טויד.

דער מאָרדער האָט זיך פֿערשפּאַרט אין אַ לעדיגע שטוב, אין עק סטאַניצע. מיר זיינען אַוועג אַהין. פֿיעלע פֿרויען זיינען גע־לאָפֿען מיט אַ געוויין אויך אַהין. ציימענגוייז איז אַרויסגעשפּרונגען אין גאַס אַ קאָזאַק, וואָס האָט זיך פֿערשפּאָטיגט, און לגיפֿענדיג זיך צוגעשפּילעט זיין קינזשאַל און אונז איבער־געיאָגט. דער טומול איז געוועזען שרעקליך גרויס.

ענדליך, זיינען מיר געקומען. מיר זעהען: די שטוב איז טהיר און לאָדען פֿערמאַכט פֿון אינעווענינ און אַרום שטעהט אַ געזאַמעל מענשען. אָפֿיציערען און קאָזאַקען רעדען מיט היטץ צווישען זיך; פֿרויען יאָמערן, וויינען מיט ביטערע טרעהרען. צווישען זיי האָט זיך מיר געוואָרפֿען אין די אויגען איין אויסדריק־ליכעס געזיכט פֿון איין אַלטע פֿרוי, אויף וועלכעם עס איז געלעגען איינע שרעקליכע פֿערצווייפֿלונג. זי איז געזעסען אויף אַ גראָבע קלאָטץ, אָנשפּאַרענדיג זיך מיט די עלענ־בויגען אויף די קניע און מיט די האַנד אונטערהאַלטענדיג דען קאָפּ. דאָס איז גע־

ווענן דעם מאָר דער׳ס מוטער איהרע ליפּען האָבען זיך פון צייט צו צייט בעוועגט: האָט זי געבעטען גאָט אָדער זי האָט געשאָלטען? — דאָס ווייס איך ניט.

אונטער דעסען האָט מאַן זיך בעראַרפּט אויף וואָס עס איז בעשליעסען און חאַפּען דעם פערברעכער. קיינער האָט אָבער ניט געוואַגט צו זיין דער ערשטער.

איך בין צוגעגאַנגען צום פענסטער און זיך איינגעקוקט אין שפּאַלט פון לאָדען: ער איז געלעגען אַ בלייכער אויף דר׳ערד, האַלטענד אין דער רעכטען האַנד אַ פּיסטאָלע. דאָס פערבלוטיגטע שווערד איז געלעגען ביי איהם נעבען זייט. זיינע אויסדריקליכע אויגען האָבען זיך שרעקליך געדרעהט אין אַלע זייטען. צייטענווייז האָט ער גענומען שוידערן און זיך חאַפּען פיר׳ן קאָפּ, אַזוי ווי ערמאָהנענדיג זיך וואָס געסטערן איז געוועזען. איך האָב אין זיין אונרוהיגען בליק ניט בעמערקט קיין גרויסע ענטשלאָסענהייט, דאָס ער זאָל זיין פערטיג אויף אַלץ, און האָב געפרעגט דעם מאַיאָר, וואָרום הייסט ער ניט די קאָזאַקען אויסברעכען די טהיר און אריין אַהין, ווייל עס איז גלייכער געוועזען דאָס צו טהאָן יעטצט איידער שפּעטער, ווען ער וועט זיך אין גאַנצען אויסניכטערן.

אין דיעזער צייט איז איין אַלטער יע-סאַאול צוגעגאַנגען צו די טהיר און האָט

איהם אָנגערופען מיט׳ם נאָמען. יענער האָט זיך אָבגערופען.

— דו האָסט זיך פערזינדיגט, — ברודער יעפימיטש, — האָט געזאָגט דער יעסאַאול, — פערפאַלען, גיעב זיך אונטער!

— איך וועל זיך ניט אונטערגעבען! — האָט געאַנטוואָרטעט דער קאַזאַק.

— האָב מורא פאַר גאָטט! דו ביזט דאָך ניט קיין פערפלוכטער טשעטשענעץ, נאָר איין עהרליכער כריסט. ווען דאָס אונגליק האָט דיך שוין פערדרעהט, איז דאָך פערפאַלען: דו וועסט דיין שיקזאַל ניט אויסמיידען!

— איך וועל זיך ניט אונטערגעבען! — האָט באַז אַ געשריי געטאָהן דער קאַזאַק, און עס האָט זיך געהערט ווי עס האָט אַ קלונג געטהאָן דער האָהנדעל פונים פיסטויל.

— איי, מומינקע! — האָט דער יעסאַאול זיך געווענדט צו דער אַלטע: — רעד דו מיט דיין זוהן. פיעללייכט וועט ער דיר פאָלגען... ער טהועט דאָך נאָר גאָטט אויף להכעיס. דו זעהסט, דאָס די לייטע וואַרטען שוין צוויי שטונדען.

די אַלטע האָט אויף איהם אָנגעשטעלט די אויגען און געשאָקעלט מיט׳ם קאָפּ.

— וואסילי פעטראָוויטש, — האָט געזאָגט דער יעסאַאול, צוגעהענדיג צום מאַיאָר: — ער וועט זיך ניט אונטערגעבען, איך קען

איהם שוין, און ווען מאַן זאָל די טהיר אויסברעכען, וועט ער פיעלע פון אונז אויס־טאַרטען. צו וועט איהר בעסער ניט הייסען איהם הערשיעסען: דאָרט, אין לאָדען איז דאָ אַ ברייטער שפּאַלט?

און דיעזער מינוט איז מיר איינגעפאַלען אַ ווילדער געדאַנקען: עס האָט זיך מיר פער־וואָלט פּרובען מזל אַזוי ווי וואוליטש.

— וואַרט נאָר, — האָב איך געזאָגט צום מאַיאָר: — איך וועל איהם נעהמען אַלעבע־דיגען.

איך האָב געהייסען דעם יעסאַאול מאַ־כען מיט איהם אַ רעד און האָב אַוועגגע־שטעלט ביי דער טהיר דריי קאָזאַקען, וואָס זיינען בערייט געוועזען אויף מיין געשריי אויסצוברעכען די טהיר און קומען צו מיר צו הילפע. נאָכהער בין איך געגאַנגען אַרום די שטוב און צוגעגאַנגען צו דעם שרעקליכען פענסטער. מיין הערץ האָט שטאַרק געקלאַפּט.

— אַך, דו פערפלוכטער! — האָט צום קאָזאַק געשריען דער יעסאַאול: — דו לאַכסט פון אונז, וואָס? אָדער דו מיינסט, מיר וועלען דיר ניט בייקומען? — ער האָט גע־נומען מיט אַלע קרעפטען קלאַפּען אין טהיר, איך האָב צוגעלעגט איין אויג צום שפּאַלט און בעטראַכט די בעוועגונגען פונ'ם קאָזאַק, וואָס האָט פון דיעזער זייט ניט געוואַרט קיין בעפאַל; נוּיט אַ מאָל האָב איך אָבגעריסען

דעם לאָרען און אַריינגעשפּרונגען מיט׳ם קאָפּ אַראָב. עס האָט דערלאַנגט אַ שאָס האַרט איבער מיין אויעהר, די קויהל האָט אָבגעריסען ביי מיר איין עפּאָלעט; אָבער דער רויך, וואָס האָט אָנגעפילט דאָס ציממער, האָט געשטאָרט מיין געגנער צו געפינען דאָס שווערט, וואָס איז געלעגען נעבען איהם. איך האָב איהם אָנגעהאַפּט פיר די האַנד, קאָזאַקען זיינען אַריין אין שטוב און עס האָט ניט געדויערט קיין דריי מינוט, ווי מאָן האָט דעם מאָרדער געבונדען און - אַוועגגעפיהרט מיט אַ קאָנוואָי. דאָס פאָלק איז פערנאַנדערגעגאַנגען; די אָפיציערען האָבען מיך גראַטולירט — און עס איז ווירקליך געוועזען גענוג אורזאַכע צו גראַטולירען.

נאָך די אַלע זאַכען ווי ווערד מאָן, דאַכט זיך, ניט קיין פאַטאַליסט?... דאָך ליעב איך אין אַלצדינג צו צווייפלען און דיעזע נייגונג שטאָרט גאָר ניט צו אַיין ענטשלאָסענען דרייסטען כאַראַקטער. אים געגענטהייל, וואָס מיך אָנבעלאַנגט, זאָ געהע איך איממער מיט מעהר דרייסט פאָראויס, ווען איך ווייס ניט, וואָס עס ערוואַרטעט מיך. שלעכטער ווי דער טויד וועט דאָך ניט זיין, און דעם טויד קאָן מאָן ניט אויסמיידען.



# דער וואָראָבייציק :

ערצאַהלונג פון א. פרעסס.

---

אויפ׳ן הינטערשטען הויף האָט זיך געלעבט אַ וואָראָבייציק . זיין נעסט איז געוועזען אונטער׳ן דאַך פון דעם פערד-שטאַל נאָר אַם ליעבסטען פלעגט ער פערברייינגען זיין צייט אויפ׳ס מיסט-קאַסטען . דאָרט פלעגט ער געפינען אַ גוטען מיטאָג און אַ געמיטליכע געזעלשאַפט . אינדערפריה פלעגען דאָרט קומען די היהנער און פלעגען אָנהייבען זייער געוועהנליכע פלוידעריי , טאָ וועגען וועטער , טאָ וועגען דעם , וויא דער הונד „באַרבאָס״ האָט זיך צוקריגט מיט דער קאַץ , און וועגען נאָך אַזעלכע וויכטיגע זאַכען . און ווען עס פלעגט זיך נאָך אַמאָל טרעפען אַז צו דער שכנ׳טעס קאָבין פלעגט קומען אַ סאָלדאַט צו גאַסט , פלעגען זיך שוין אויסשיטען אַלע ניין מאָס רייד .

— וואָס , איהר זיינט שוין ווידער דאָ , בערידעקעס ! — פלעגט פלוצלונג אַ געשריי געבען אויף זיי דער האָהן , אַרויפקריעבענדיג מיט שטאָלץ אויף אַ גרויסער קופע , מיסט .

ער האָט זיך געווענדט צום גרויסען קאָטער וואָס איז דאָ רוהיג געזעסען אויף איין איבערגעקעהרטער פּאָמויניצע.

— דאָס איז שוין איין אַלטע מעשה — באַמערקט מיט גאוה דער קאָטער — היהגער קאָנען זיך ניט באַגעהן אָן בעריידעריי — און דערביי באלעקט ער זיך מיט פּערגעניגען, טראַכטענדיג: „דאָס איז ניט אַזוי, ווי איך מיט'ן האָהן, — אונז אינטערעסירט נאָר די פּאָליטיק!"

דעם אמת זאָגענדיג, פלעגט דער וואָראבייציק ווינציג פאַרשטייהן, אַז דער קאָטער פלעגט אָנהייבען צו דערווייזען מיט ראיות, אַז עס איז שוין לאַנג צייט אַרויס־צוטרייבען די קאָכין (פאַרשטייהט איהר מיך, זיא האָט זיך געמאַכט אַ מאָדע צו געבען איהם ווינציגער פלייש) און דעם באָק, וואָס לעבט צוזאַמען מיט די פערד אין שטאַל, דאַרף מען מעהר גאָר ניט אַריינלאָזען אין הויף (ער האָט אַ מאָל מכבד געווען דעם קאָטער מיט אַ שטויס, וואָס ער געדיינקט איהם נאָך ביז יעצט), נאָר דאָך פלעגט דער וואָראָבייציק צוהערען אַלע אַזעלכע דבורים מיט יראת הכבוד, און דעם קאָטער בפרט פלעגט ער הויך שאַצען פאַר זיינע שאַרפע נאָגעל.

— נו, רבי קאָטער! — פלעגט זאָגען

דער האָהן — וואָס האָרט זיך עפּעס יעצט מיט דיא מייז?

— הם!... עס איז שוין אַלאַנגע צייט אַז איך האָב זיך מיט זיי ניט בעשעפטיגט — פּלעגט ענטפערען דער קאָטער מיט שמאָלץ. פונ'ם פענסטער פון שטאַל האָט זיך בעוויזען אַ פערדעשע קאָפּ. דאָס איז געוועזען זייער אַ גרויסע שקאַפּע, און אַז זי זאָל וועלען וואָלט זי געקאָנט מאַכען אַ תל ניט נאָר פון דער גאַנצער קופּע מיסט, נאָר אַפילו פון דעם קוטשער אליין אייך: נאָר די חברה פון מיסט-קאַסטען פלעגען אימער פון איהר מאַכען חוזק. וואָרום ווער וויים דאָס ניט אַז אַ שקאַפּע איז בעשאַפען געוואָרען נאָר כדי אַלע זאָלען אויף איהר פאָהרען רייטענ-דיג.....

— טשיק-טשיק-טשיק — זאָגט דער וואָראָ-בייציק — אָט דאָס זיינען גבורים! אָט דאָס זיינען לייט!

— אמת! — האָט אַ שאָקעל געגעבען מיט'ן קאָפּ די שקאַפּע.

— אמת, אמת! — האָט אונטער געברומט דער מיסט-זשוק.

אויף דיעזע ווערטער איז געקומען דער דוואָרניק און האָט געבראַכט איין עמער מיט מיסט.

— אַשקיץ! — האָט ער אַ געשריי געגע-בען אויף זיי. דער קאָטער האָט אַ שפּרונג געטאָהן און איז פלינק אַרויף אויפ'ן דאַך,

די היהנער זיינען פֿאַנאַנדערגעלאָפֿען אין אַלע זייטען, דער האָהן האָט זיך אָבגעשטעלט פֿון דערוויטען, האָט אַ שאָקעל געטאָהן מיט די פֿליגעל און האָט אַ געשריי געטאָהן: קו-קו-רע-קו. אין פֿענסטער פֿון קיך האָט זיך בעוויזען די קאַבּין און אויפֿ׳ן מיסט-קאַסטען איז פלוצלונג געוואָרען שטיל, אַזוי ווי זיי וואָלטען אַלע אויסגעשטאָרבען...

איינמאָל אין מיט׳ן זומער איז געוועזן אַ שיינער טאָג, אַזוי אַז עטליכע שטראַהלען פֿון דער זוהן האָבען זיך אַריינגעגאַנבעט דורכ׳ן טהויער צום דונקעלען ווינקעל פֿוג׳ם מיסט קאַסטען. דער וואָראָבייציק האָט זיך פֿראָהליך געקוויטשעט און איז אַרומגעשפרונגען אויף דער קוטשע פֿון מיסט. פלוצלונג איז אַהין אַריינגעלאָפֿען אַ שוואַלב זי האָט דערזעהן דעם וואָראָבייציק און זאָגט צו איהם:

וואָס שפרינגסט דו דאָ אַרום, מיין פֿייגעלע! זעה, וואָס פֿאַר אַ שיינעם טאָג גאָט האָט געגעבען, ווי די ליעבע זון לייכט אינ׳ם פֿרייהליכען הימעל!... פֿליה מיט מיר צוזאַמען און איך וועל דיר ווייזען פראַכטפֿאָללע געגענדען און אַנדערע לאַנדער!

— סיידען עס זיינען נאָך דאָ אנדערע לענדער? — האָט זיך געוואונדערט דער וואָראָבייציק.

— און נאָך וועלכע! — האָט געאָנטפּערט די שוואַלב. און זיי האָבען זיך אויפגעהויבען הויך פון דער ערד, זיי זיינען געפלויגען איבער גאָלדענע קופּאָלן פון דיא שטעטיגע קירכען, און איבער שטרויענע דאָכער פון די דאָרפעשע הייזלאַך, איבער גרינע פעלדער, וואָס זיינען געוועזען באַפּוצט מיט זילבערנע טייכעלעך, איבער פּיכטען וועלדער, אין וועלכע עס האָבען אָפטער געבלישטשעט די פייערלאַך פון די האָלץ העקער.

לאַנג זיינען זיי אַזוי געפלויגען, ביז דיא שוואַלב האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף אַ דאַך פון אַ שייער.

— אָט דאָס איז מיין היים — האָט זי געזאָגט צו דעם וואָראָבייציקזעה, ווי שיין דאָ איז! —

דער וואָראָבייציק האָט זיך אַרומגעזעהען: אַ קאָרענפעלד, בעלניכטען פון די זונען-שטראַהלען האָט געפינקעלט מיט הויכע גאָלדענע זאַנגען. אַ שטילער ליבינקער ווינטעלע האָט אַרום זיי געבלאָזען און זיי האָבען זיך פון צאָרטליכקייט געניגט איינער צום אַנדערן און האָבען עפּעס צווישען זיך געמורמעלט.

אינ'ם העל-בלאָען הימעל האָבען געשוועבט איבער זיי מאַסען פייגעלאַך און האָבען געזונגען זייערע זיסע פראַהליכע ליעדעלאַך. צווישען די זאַנגען האָבען אַרויסגעקוקט אַזוי וויא שעמעדיג ערהייד די

בלאָע קאָפּאָלאַך פֿון די קאָרנבלומען. און פיעל פֿאַרביגע מאָטילקעס פֿלעגען אָפּט קומען צו פֿליעהען אַרוהען זיך אויף זיי. עס איז געווען אַ נחת צו קוקען ארום און ארום. פֿון וויטען האָט מען געזעהן וויא יונגע דאָרף מאַדכען האָבען געשניטען זאנגען און האָבען זיי געבונדן אין גאַרבען. פֿון צייט צוא צייט פֿלעגט איינע פֿון זיי פֿאַרזינגען אַ פֿאָלקס ליעד און איהר ריינע זילבערנע פֿרויענשטימע פֿלעגט קלינגען מונטער און פריי.... די הונדערט־יאָהריגע בוימער פֿון דעם נאָהנטען וואלד פֿלעגען אויפֿמערקזאַם צוהאָרען דיעזע ליע־דעלע, און עס פֿלעגט זיך דאַכטען, דאָס זיי פֿאַרגעסען זייער אַלטער....

די גאַנצע געגענד איז געווען פֿול מיט זונען־שיין און יעדער לעבעדיגער נפש האָט געקוואָלען פֿונ'ם לעבען און פֿון דער פֿרייהייט...

— יע, דאָ איז אפֿילו ניט שלעכט — האָט געזאָגט דער וואָראָבייציק, אָבער דאָך ניט אַזוי גוט, וויא דאָרטען אויפֿ'ן מיסט־קאַסטען....

